ברכה קאַפּשטיין

# שטאַרק בין איך

(לידער)





ניו־יאָרק, 1939

## שטאַרק בין איך!

שטאַרק בין איך!
פּלייצעס האָב איך ברייטע,
לעכצן זיי נאָך משא.
אַקסלען מײַנע, —
ציען זיך פון בענקשאַפט,
מוסקולן מײַנע, — האַרטע,
פאַרשטייפט אויף אויסגערוטע הענט.
אָרעמס האָב איך לאַנגע,
הענגען זיי ווי איבעריקע צעפּ,
און פויסטן — ריזיקע פאַרביילטע
זײַנען גרייט דערלאַנגען קלעפּ!...

ציינער האָב איך וואָלפיש־שטאַרקע,
קריצן איילִיק זיי אין מויל.
ליפּן האָב איך זאַפטיקע און רויטע,
שווייגן זיי אין צאָרנדיקן ווײ...
אויגן מײַנע גליען פייערדיק פאַרשטאַרטע
מיט א גבורה'דיק געשריי:
— איך בין גרייט פאַרקויפן מײַנע הענט!
ווער קומט און קויפט, ווער קומט און קויפט?!

## פרימאָרגנס

דורך מיין קרומען בוידעם־פענצטער, בלייך און גרוי,
קומט אריין א שנירל ליכט פון הימל בלוי.

קושן אוים טריבע אויגן דעם פרימאָרגן,
ווארימער אָטעם לאַסטשעט אוים די זאָרגן.

כאַפּט זיך אויף די גאַס מיט דינאַמיט — פון רו,
אין קאָפּ זשומעט: שלאָף, קיין ארבעט איז ניטאָ!

קלינגען פוס־טריט אָפּ פון נאָענט און פון ווייט,
זע איך זיך מיט אימפּעט יאָגן ביי דער זייט.

איילן מענטשן אין געיעג איבערן שליאַך,
באַגלייט מיין בליק זיי חלומ׳דיק און וואַך.

זינגט דער זייגער אוים מיט גדלות זיין געקלאַנג,
קומען שעה׳ען און זיי רעגן מיט פאַרלאַנג.

קריכט דער טאָג ווי אַ זשאַבע אויף קורצע פים,
ווערט אין זון פון נויט אַ ריס נאָך ריס.

# צימערן

מיין צימער איז איינער פון צימערן אַ ריי,
צימערן מיט נומערן כ׳גיי טעגלעך פאַרביי.

צימערן פאַרמאַכטע מיט קליאַמקעס אויף טירן,
צימערן פרעמדע, מיט גריןֿ־גרויע קאָלירן.

אין מיין צימער די ווענט זיינען נאַקעטע, מאַט,
יעדע שטיק מעבל דערציילט געשיכטע אַ בלאַט.

עס וואוינען דאָ מענטשן באַזונדער אַ סך,
מענטשן ווילד־פרעמדע אונטער איין קויטיקן דאַך.

יעדן פרימאָרגן מיט בליקן אַנטקעגן,
יעדן פרימאָרגן צעטיילן אונז וועגן...

יעדן סוף טאָג קומט מען ווידער צוגיין,
ווער פון דער ארבעט, ווער פון ליידיק אומגיין.

יעדער פון אונז אַ פאַרריגלטע טיר, —
אין צימערן פרעמדע מיט גריןֿ־גרויען קאָליר.

## ווער איז שולדיק?

ווי ווייט, ווי אָפּגעלעבט ס'איז אין זכרון יענע צייט,
ווען ס'פלעגן הענט מיינע און מוסקולן וואקסן
מיט דער ארבעט גלייך,
ווען ס'פלעגן הענט מיינע אהיים ברענגען כוואַליעס פרייד,
און פרייד פלעגט אויפגיין אין שטוב, אין האַרץ און אויף געמיט
פלעגט זיין גוט אזוי אוועקלייגן מידן קאָפּ אין רו —
דו ווייסט:
עס וואַרטן טעג אזעלכע
אויפצונעמען מי...

איצט ציען נעכט זיך אזוי שווער.
עס וויל דער שלאָף ניט רוען אויף די וואכנדיקע ברעמען;
איצט,
קוקן בלייכע מאָרגנס דורך די פענצטער;
איצט, —
שפאַן איך אום אויף גאַסן גלאַט אזוי...
ארום מיר
און הינטער מיר
גליווערט שרעק און היצט דעם צאָרן:
— ווער איז שולדיק, ווער?
ווילן ליפּן מער ניט שווייגן
און זיי שילטן
און צעשטערן,
מיט א יוירנדיקן שוים
די לעצטע גליווערדיקע צוים...
ווער איז שולדיק,
ווער איז שולדיק,
ווער?

## אין דערוואַרטונג

צוויי ביינאַכט. זעקסטע שעה.
קלינגט דער זייגער: נאָך ניטאָ.

שווער און שוואַרץ גייט די נאַכט.
קלאַפּט דער זייגער: וואַרט נאָך, וואַרט!

יעדער שאָרך, אַ שטומער גריל,
שוואַרצע שטילקייט — טויטנשפּיל.

אויער שאַרף פאַרשפּיצט צו טראָט.
געלעגער ברייט ווי גליאיק דראָט.

מינוטן, רגע'ס — האַרץ ציילט אויס,
שאָטן טוליעט זיך צו שויס.

שויס איז קאַלט, בלייך פון שרעק:
זוכן אַרבעט וואו אוועק...

קומט אַ שאָרך, און ס'קומט אַ צווייטער,
אָטאָ קומט ער, אָטאָ גייט ער,

רוקט זיך ווייזער: צוויי, און פיר,
שטומט דער דיל, און ס'שווייגט די טיר.

## דיינע טעג...

.1

ס'גייען טעג מיט טעמפּ און דראַנג,
גאַסן רעגן מיט פאַרלאַנג.

מענטשן טראָגן שטיקער לעבן,
הענט מיט מי אַוועקצוגעבן.

נאָר דיין גוף, דיין יעדער גליד,
איז פון ליידיק אומגיין מיד.

זיצסטו טעג און שלינגסט די פלינע, —
אין דיין בליק אַזוי פיל שנאה,

אין דיין וואָרט אַזוי פיל טרויער,
וואָס ברענגט דען שטילער דויער?

.2

וועקט דער טאָג מיט בלוי באַגינען,
טראָג איך זיך אוועק פאַרדינען.

האַלט איך איין מיין גאַנג אויף טרעפּ,
וואָס פאַלט אַראָפּ ווי שווערע קלעפּ.

אויף דיין צעווייטיקט געמיט —
אָפּקלאַנג פון פרימאָרגנדיקע טריט...

און ווען כ'קום אין אָוונט צוריק צו דיר
וואַרסטו שוין אויף מיר ביים טיר.

דערציילסט פון לידער ערשט געשאַפן,
אידייען נייע — אונזערע וואָפן...

דערצייל איך דיר פון דער פאבריק:
אַט ערשט אַוועק און שוין צוריק.

ס'גייט די ארבעט אזוי גרינג:
גאַנצע טעג נאָר איך זינג.

ס'פרייט מיין הארץ זיך אין געהיים:
כ'ווייס דו וואַרסטו אויף מיר אין דער היים.

שמייכלעןביידע מיר — און גאַרן
איינס דאָס אַנדערע פאַרנאַרן.

צאַרטע, ווייטיקדיקע געפילן
ווילן איינס דאָס אַנדערע פאַרשפּילן...

## א בילד

מיט מיר אין א ריי ביי מאַשינען,
זעצן מענטשן אַוועק זיך פאַרדינען.

צעיאָגן זיך רעדער אין ווילדן געדריי,
בלייבט זיצן געבויגן איבער רעדער — מיין ריי.

ביי וועמען אויף ליפּן עס הענגט נאָך גוטמאָרגן,
ביי וועמען אויף פּנים — עס ריידן, די זאָרגן.

ביי וועמען עס וועבט זיך נאָך נאַכטיקער חלום,
ביי וועמען אויפן צונג ליגן ווערטער פון שלום.

צעפלאַקערט די ארבעט מיט אימפּעט, צעברענט,
צעוויגן זיך גלידער, צעוויגן זיך הענט.

צעיאָגט זיך די נאָדל, צעקלינגט זיך די שער:
אַלע ווי איינער ארבעטן דאָ שווער.

הויב איך מיין קאָפּ פון געבויגענער ריי
און כ'בייט אויס אַ וואָרט מיט א שכנה דערביי.

מעסט אָפּ מיך מיין שכנה מיט שטומען אַרשין
און לאָזט אירע אויגן אַראָפּ צו מאַשין.

לאָזט ווייטער דער טאָג זיך אַוועק אין געיעג,
ביז אָוונט צעטיילט מיט באַזונדערן וועג.

אין דרויסן, אויף גאַסן, שוין ווייט פון פאַבריק,
זאַמלט מען ווידער צונויף זיך צוריק.

ווער ס'איז פאַרמאַטערט, ווער אויסגערוט, —
אין אַלעמענס אויגן א פייערל גליט.

קומט מען, מען קומט, ס׳ווערט ענגער דאָס אָרט:
יעטווידער האָט דאָ צו זאָגן אַ וואָרט.

— אָט קומט אָן דער ווינטער, יקרות ווערט גרויס,
מ׳וואַרפט פון די דירות אויף גאַסן ארויס!

באַלעבאַטים פאַרבייטן אלטע הענט אויף יונגע,
פאַר יעדער שטאָך אַרבעט דאַרף מען זיך דינגען.

— די אַרבעט צעפּלאַקערט אויף וואָכן אַ פּאָר —
קינדער בעטן עסן א קיילעכדיק יאָר...

איז רעדט מען, מען רעדט, מיט שוים און מיט פּיין,
אויף גאַסן ענגע, ביי טונקעלער שיין.

שטייען בינטלעך און רעדלעך, פון נאָענט און ווייט,
נאָר אָט: ס׳קומט פּאָליציי און צעוויקלט א שטרייט.

אויף מאָרגן אין שאַפּ זיינען ליפּן פאַרשלאָסן,
פאַרשטעפּט מען מיט נאָדלען טיפע פאַרדראָסן.

צעשערט מען מיט שערן אייגענעם וויי,
פאַרקלינגט מען מיט רעדער שטומען געשריי...

זיינען רוקנס געבויגן איבער מאַשינען,
הילכט אָפּ דאָס שווייגן: פאַרדינען! פאַרדינען!

## סטרייקער

סטרייקער, הונגעריקע וועלף.
טרעטן אויס מיט טריט צייכנס פון נויט.
דערציילן די פּלאַקאַטן: שוין וואָכן צוועלף
ווי ס׳רויבט דער באַלעבאָס דעם ביסן ברויט.

אייך, — סאָפּעט אויס דער פעטער הערעב פּיוול,
האָט ניט אַנדערש זיך פאַרוואָלט,
אַנטקעגן מיר, וואָס האָט קיין מורא פאַרן טייוול,
ארויסצוגיין אין אַ רעוואָלט.

כאַ־כאַ־כאַ — כאַ כאַ כאַ,
גאָרגלט זיך דער גראָבער בויך.
שווייגן ליפּן ביי די ארבעטער מיט אַן איינגעפּרעסטן שאַ,
און געדאַנקען טראָגן זיך אוועק העט הויך...

אויף גאַס איז ענג,
פון פּיס, כאָטש נאָר אַ בריק צו מאַכן.
און אין דער לענג
חין און צוריק, פלאַקאַטן, אויגן וואַכן.

די טיר פון דער געביידע רוט ניט א מינוט.
מענטשן אין געאייל: ארויס, אריין.
אָט! און ס׳גיט א ברי דאָס בלוט:
העי דו, בלייב שטיין, סקעבן איז ניט פיין!

מענטשנקעפּ, ס׳שווינדלט אין די אויגן.
צווישן זיי — פּאָליציי מיט רונדע קנעפּ.
איז אָט, און ס׳ווערט פון הענט א בריק פאַרצויגן
און אדרבה, זאָל פּאָליציי פּרובירן געבן קלעפּ.

די זון איבער די קעפּ, וואַרעמט און שיינט צו,
דער טאָג מיט שווערן גאַנג — גייט פאַרביי.
אויף דער גאַס האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ ביסעלע רו,
ביי דער געביידע שטייען: סטרייקער און פּאָליציי.

אַלע אויגן אָנגעווענדט צום טיר.
בליקן שניידן זי — ווי מעסער.
שווייגן די זאַווערעס, גיבן זיך ניט קיין ריר,
און ס׳פאַריגלען זיך לויט אַ באַפעל, די שלעסער.

טאָג אַוועק, נאַכט איז דאָ,
סטרייקער שטייען אויף דער וואַך.
בליקן וואָרענען: האָ, האָ,
דאָס איז אַ קאַמף צווישן אָרימע און רייך!

## זון-אונטערגאַנג

רויטע ברענענדיקע צווייגן
באַהעפטן זיך אין שווייגן.
רויטע פייער־פלאַמען
לעשן זיך אין בלויע ראַמען.
צינדן זיך מיט רויטקייט זאַנגען,
רוישט די לופט מיט זון־געזאַנגען.
מיט רויטקייט טרינקט זיך אָן דער הימל,
רייף ווערט טאָג אין מאַטן דרימל.
שטראַלן מינען זיך אין טאַנץ
אויף גרינער ערד.
טראָגט די לופט אַ שטיל געזאַנג:
— מונטערגאַנג!
— מונטערגאַנג!

## וויג-ליד

ס'איז דיין מאַמעס בליק דיר פרעמדלעך —
ווייל זי נייט אויף טוצן העמדלעך,
פאַר קינדער קליינינקע ווי דו —
טאָג נאָך טאָג, שעה נאָך שעה.

ניט וויין, מיין קליינינק מיידעלע,
מיידעלע מיין איידעלע,
ליוולינקע שאַ־שאַ.

ס'וויל דיין מאַמע ניט פאַרשפּעטיקן,
מיט דיינע שמייכעלעך זיך זעטיקן,
איילט זי זיך פון דער פאַבריק,
הונגעריק נאָך דיינס אַ בליק.

ניט וויין, קליינינק מיידעלע, א. א. וו.

ס'איז דיין מאַמע אַ באַגליקטע נאָך,
זי אַרבעט אָפּ אַ גאַנצע וואָך,
קאָכט זי גוטע יאַיכעלעך
פאַר געזונטע קליינע בייכעלעך.

ניט וויין, קליינינק מיידעלע, א. א. וו.

ס'איז די וועלט, מיין קינד, אַ ליכטיקע,
נאָר ניט פאַר אונז די ריכטיקע,
דאַרפן קינדערלעך פריש־בלוטיקע
אויסוואַקסן מענטשן מוטיקע.

ניט וויין, קליינינק מיידעלע, א. א. וו.

אויסקעמפן פאַר איטלעכן
אַ לעבן אַ געמיטלעכן,
ס'זאָלן טאַטעס, מאַמעס, קינדערלעך,
קענען לעבן וואונדערלעך.

ניט וויין, מיין קליינינק מיידעלע,
מיידעלע מיין איידעלע,
ליוולינקע שאַ־שאַ.

## צו גאַסט

שנעל האָט די באַן היינט געשניטן דעם וועג.
נאָך שנעלער פון באַן — מיין בליק אין געיעג,
צו אַ געסל א ליכטיקס, צו א שטיבעלע קליין,
וואו ס'וואַרטן צוויי לעבנס זיך טרעפן אַליין.

דעכער אַלץ העכער האָבן זיך געמישט און געצויגן,
פאַרבייגייער האָבן באַגריסט מיט פרייד אין די אויגן.
מיין גוף האָט זיך געטראָגן ווי א פעדער גרינג —
אַהין — וואו גלעקל וועט באַלד טאָן א צעקלינג...

אָט! ס'ווערט פאַרגליווערט לעצטער טראָט אַף אַספאַלט.
דיינע פענצטער קוקן צו מיר אזוי קאַלט...
דאָס גלעקל ביי טיר זאָגט אָפּ צו באַדינען,
דערציילן די ווענט: וועסט קיינעם ניט געפינען!

האָבן שכנים דערפרייט זיך מיט מיר, — דיין גאַסט.
דערציילט פון טעג וואָס פאַלן אויף דיר צו לאַסט...
פון דעם, אז דו פאַרמאָגסט צוויי גאָלדענע הענט,
און שווער צו פאַרדינען אויף דעם בידנעם רענט.

די גאַס האָט נאָך אַלץ געאָטעמט מיט פרייד.
אין מח האָט געברענט צאָרן פון רייד
און צעפלאַקערט אזוי זיך אויף צעווייטיקט געמיט,
אז צייכנס געקריצט האָבן זיך אונטער די טריט.

אין דרויסן האָבן מענטשן געשפאַנט הין־צוריק,
גליווערדיקער ווי האָט געשריען פון בליק...
פענצטער האָבן עלנטע זיך געטוליעט צו ווענט,
ארום מיר האָט געשווירבלט מיט ליידיקע הענט...

# אין קאַפעי

זיבן אזייגער — פריע שעה,
אַלע טרעפן זיך אָטאָ־דאָ.

לאַנגע טישן, בענק א סך,
רעדט דאָ יעדער פון זיין פאך.

קלינגען טאַצן, פרישטיק שמעקט.
בליקן שטארן אום מיט שרעק.

שפּאַנען מיידלעך, גרייטן, ראַמען,
כאַפּט זיך איינער: ער'ט פאַרזאַמען.

בלייבט אַ צווייטער, בלייבט א דריטער.
פוילער לאַנגווייל אף געמיטער.

ווייזער רוקט זיך: זיבן, ניין,
ווי לאַנג דאָ זיצן? צוואוואָס נאָך גיין?

אויף קאַלטער גאס, דורך קלאָרער גלאָז
שפּאַנען מענטשן אַרבעטלאָז.

איבער גרויער שטאָט ברענט די קעלט.
אזוי קומט טאָג מיט יאָך אויף וועלט.

## נאַר דער!

נאַר דער
וואָס טראָגט אַ ווײ אין יעדן גליד,
וואָס איז פון לײדיק אומגײן מיד,
נאַר דער
קען ווי אַ מידע שאָף,
קלעטערן צען שטאָק אַרויף,
און מיט ליפּן שווימיקע, ווי ביר,
אויפפראַלן יעדע צוגעמאַכטע טיר.

נאַר דער
וואָס ווײסט ניט מער דעם טעם
פון אײגן ברויט, און וואָס בענקט
נאָך פרײד פון אײגענער מי,
נאַר דער
פאַרמאָגט אין אויג אַזאַ מין גלי,
וואָס קאָן אַ שטויבעלע פון ערד אויפוועקן,
וואָס קאָן אַ וועלט אַ גאַנצע איבערשרעקן...

נאַר דער
וואָס האָט אַ האַרץ און בלוט וואָס קאָכט,
קען מילד ניט זײן מיט וואָרט.
נאַר דער
מוז דורך קעמפערישן טאַט,
דערשלאָגן זיך זײן ברויט צו זאַט.
און אַראָפּנעמען די שאַנד פון לײדיקע צווײ הענט,
וואָס קלאָגן אין דער שטיל אין אָרימע פיר ווענט.

## שפּעט

אַלע זיינען שוין אהיים אַוועק, —
נאָר דו איינער נים.
איז מיין האַרץ פול מיט שרעק,
פאַרוואָס דו קומסט נאָך נים.

אַלע זיינען שוין געקומען, —
נאָר דו איינער נים.
הערט נים אויף דער ווינט צו ברומען,
ברום איך מיט אים מיט.

די טירן האָבן אלע שוין פאַרשלאָסן, —
נאָר איך איינע נים.
מיין קישן איז מיט טרערן באַגאָסן —
און די טרערן דאָס פּנים בריט.

אלע זיינען שוין אַנטשלאָפן, —
נאָר איך איינע נים.
וואָס־זשע האָט אזוינס געטראָפן
וואָס דו קומסט נאָך נים?

## אָפּגעזאָגט

נו, איז וואָס,
אַז מיין באַלעבאָס
האָט דערקלערט אזוי שאַרף:
ניט איך וויל און ניט איך דאַרף,
אַז דיין געביין און דיין מי
זאָל אַף ווייטער זיך געפינען דאָ הי!

איז וואָס,
האָט אָט־דאָס
צעקלונגען אין מח
און אַ זודיקע כוואַליע מיט כח
האָט געגעבן אַ צעקאָך זיך אין מיר,
אַז אַף גיך איז אין פּנים פאַרהאַקט האָב די טיר.

ווער שמועסט
אַז געוואוסט
האָב איך לאַנג שוין אַליין,
אַז היינט־מאָרגן וועט דאָס געשען.
ווייל — מעג עס זיין צו אייגענער שאַנד, —
ס'האָבן אייניקע אין שאַפּ נאָך טעמפּן פאַרשטאַנד;
פלאפלען זיי מיט נארישע צינגער
און טייטלען אַף ברידער צום באָס מיט די פינגער.

געוויס
ווערן מיד
די אייגענע טריט,
און אפילו אַף מוטיק געמיט
באַווייזט זיך א קנייטש און א קלער,
ווייל ווער קען דען פאַרטראָגן א ליידיקן מאָגן, ווער?

אָבער וואָס?
אויב מיין באַלעבאָס
האָט דערפילט די געפאַר,

איז דערפאַר —
דאַרף איך בויגן ווי אַ שעפּסל מיין גוף,
ווען שערן די וואָל אים מ׳רופט?

וואָס פאַר אַ ווערט האָט דען באָסישער סטראַש
קעגן דעם וואָס רופט זיך קוראַזש?
וואָס פאַר אַ באַדייט האָט דען באָסישע בייטש
קעגן דעם וואָס האָט לויטערן טייטש?
ס׳איז דער כח וואָס לאָזט זיך ניט צאַמען
ווען ארבעטער קעמפן צוזאַמען.

## אין נאַכט

ס׳איז די נאַכט געלעגן אַזאַ שטילע
אויסגעשפּרייט פאַר מיינע טריט;
האָט אין אָפּגלאַנץ בלויען
זיך געלייטערט מיין געמיט.

ס׳האָט אויף גאַסן אָפּגעקלונגען
לעצטער לעבעדיקער שאָרך,
האָט אין מיר דאָס שווייגן זיך צעזונגען,
האָט אין פרייד פאַרטרונקען זיך מיין יאָך.

האָט ווער אין אומרו אָנגעקלאַפּט אין טיר,
אַ שלעכטע בשורה מיר געבראַכט,
האָבן ליפּן ציטערדיק געשטאַמלט וועגן דיר,
און צעטראָגן קללות אין דער נאַכט.

## שטילער צוק פון נייעם שטאָם

צאַפּלסט אויף מיט לייב און לעבן אין פאַרוועבטן אינגעווייד,
טוט אַ שטראַל די וועלט אַנטקעגן מיט אזויפיל העלער פרייד.

שפּאַן איך אום מיט קאָפּ געהויבן און סע שמייכלט מיין געמיט.
ווי אַקאָרדן, שטילע לידער, זיינען זאַפטיק מיינע טריט.

שיינט די זון מיט טויזנט שטראַלן און זי ווארעמט מיין געביין,
רייסט מיין פרייד זיך א פאַרבענקטע, וויל ניט זיין אליין.

כ'וואָלט פאַר פרייד געלאָפן באָרוועס צום שוימיק, קאַלטן ים,
און די כוואַליעס אָנפאַרטרויעט שטילן צוק פון נייעם שטאַם...

כ'וואָלט אין זאמד זיך איינגעגראָבן טיף־טיף, מיט נעגל שארף,
יעדעס זאמדעלע געלאַסטשעט, ווי די סטרונעס פון אַ האַרף.

אָדער גאָר זיך הויך צעשרייען אין דער בלויער לופט אַליין,
אַז דערהערן זאָל דער הימל און די שטילקייט זאָל פאַרשטיין.

ווער־זשע לאָזט מיך ניט אצינד אויסטיילן דער וועלט
מיין פרייד?
אָך, דאָס איז די שטילע ווייסע טויב — מיין ליכטיקע באשייד.

מיר איז ליב אזוי צו פילן יעדן ציטער, יעדן ריר,
און אליין מיין חלום שפּינען אונטער ענג־פאַרמאכטער טיר...

## „שאָפּינג“

טירן דרייען זיך ארויס, אריין,
פענצטער רופן: קומט אריין!

מענטשן לויפן, מענטשן גייען,
אויגן קוקן, אויגן זעען.

וואונדערט אַלץ און וואונדערט,
דער כּישוף פון יאָרהונדערט.

ווייסע סטעליעס, לאַנגע סטופּעס,
דרייט מען זיך ווי אונטער חופּות.

מער ווי איין מאָל, מער ווי זיבן,
אַלץ באקוקט און אויסגעקליבן.

טישן לאַנגע, טישן פעסטע,
אָנגעפילט מיט אַלדאָסבעסטע.

שיך און קליידער, היט און קנעפּ,
שלאַנקע הענט, לאַקירטע קעפּ.

נעגל רויטע, אויגן גרינע,
אַזש ס׳גייט איבער דאָ די סלינע.

ביי די זייטן ציט ארויף;
טרעפּ נאָך טרעפּ: קום און קויף!

ס׳איז פארגרייט גענוג פאר אלע,
אַלטע, יונגע, חתן, כּלה.

שפּילט א רעקאָרד: „וויל יו בי מיין?“
און פלעשער שטייען פול מיט ווייַן.

אויב איר טרינקט ניט, קענט איר עסן,
זעט ווי ס׳גלאַנצן גאָפּל-מעסער.

זעט ווי טישטעכער שימערירן,
בעטן זיך מ׳זאָל באַרירן.

בליקן צוקן, פינגער, הענט,
געסט צערוקן שיר די ווענט.

ווער ביי דער זייט, ווער אין יענער,
שאַפּעס גרויסן זיך מיט — שענער.

זיידנס, פּליוש, ציץ און וואָל,
אַלץ איז גרייט פאר שענסטן באָל.

גאָלדענע שיכלעך, בעז, פּאַרפיומען,
רינגען, שפּילקעס, פרישע בלומען.

העכסט מאָדערנע, לאנגע קרעלן,
פּאַסט עס אָן, ס׳וועט אייך געפעלן!

פינקלען, בייטן זיך קאָלירן.
און די טרעפּ נאָך העכער פירן.

פארנייגט פאר דיר זיך אַ דאַרע טאַליע,
כאַפּט דיך אָן א האַנט: פּאַוואָליע.

גליטשסטו זיך אלץ העכער, העכער,
אָט אויף דילן, אָט אויף דעכער.

אָט אַ טעפּיך א געשטריקטער,
אָט א שטול וואָס צעוויגט זיך.

אָט א הויז א געמעבלירטע,
א נעט־געשמאקע, דעקאָרירטע.

אָט א קיך מיט האַק און ברעטל,
לויט לעצטער מאָדע: אַן „עמפּייער סטייטל".

מ׳האָט מיט אַלץ שוין דאָ באַזאָרגט.
קלייב זיך אויס, ניט געקארגט!

ברענען לאָמפּן גרויסע ליכטיק,
אין יעדן ווינקל זויבער, ציכטיק.

אז א מחיה, אַ פאַרגעניגן
אין אַ ווייכן שטול זיך וויגן.

ביסטו מיד שוין און פאַרמאַטערט,
כאַפּסטו זיך: אַ טאָג צעפּאַטערט...

און די זייגערס אין פיר עקן,
מיט שפּעטער שעה דיך דערשרעקן.

נעמסטו יאָגן, נעמסטו לויפן,
האָסט באַדאַרפט גאָר עפּעס קויפן.

וואו־זשע ביסטו? אויף וועלכן גאָרן?
אזוי ארויס גאָר פון זכרון.

שלענגלען טרעפּ זיך העכער, נידער,
און דו פאָרסט אויף טרעפּ שוין ווידער.

פאַר די אויגן קעפּ געדריי,
הינטער דיר א לאַנגע ריי.

אַלע וועגן איצטער פירן
צום ארויסגאַנג, צו די טירן.

# אין „קיינעמס לאַנד"

אין א העלן טאָג, מיט מיין קינד ביי דער זייט —
האָבן געדאַנקען פאַרטראָגן אין דער וועלט אריין ווייט.

קינדערלעך שפּילן מיט האַרץ און געפיל,
נאָר פאַרגעסן האָב איך מיין קינד אינם שפּיל.

די לופט דאָ געאָטעמט האָט מיט אָך און מיט וויי,
באַגלייט אינם וועג האָט א בלוטיק געשריי.

אַ געשריי ניט פון חי — פון מענטשן ווילד־פרעמד,
דאָך אזוי אייגן, ווי אויף לייב דאָס העמד..

דאָס געשריי פון מיין פאָלק — געוויין איבער וועלט,
אונטער פאַרוואָלקנטע הימלען, אין וואָגל, אין קעלט.

ווי קען זיך דער הימל ניט שפּאַלטן פאַר שאנד,
ווען ס'וואַלגערן זיך מענטשן אין „קיינעמס לאַנד"?

ווי אזוי שיינט נאָך די זון אין מענטשלעכע אויגן,
ווען אַ בלוטיקער פאַס איז איבער פּנים פאַרצויגן?

אַ בלוטיקער פלעק, פון מענטשלעכע הענט, —
ווער האָט דאָס ליכט פון דער וועלט פאַרבלענדט?

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

שפּילט זיך מיין קינד אליין ביי דער זייט,
און איך, זיין מאַמע, זע אים עט־ווייט...

אַ גליד פון מיין ציטער, אַ טראָפּן אין ים,
אַ קינד פון מיין פאָלק, פון אור־אַלטן שטאַם.

אַ קינד מיט צוויי קיילעכדיקע יאָר אין פאַרמעג,
מיין קינד א שליח אין ענדלאָזן וועג.

אַ קינד און א מאמע אין „קיינעמס לאַנד",
ביים ראַנד פונם אָפּגרונט, וואו ס'פלאַקערט די בראַנד.

אונטער פאַרוואָלקנטע הימלען, אין וואָגל, אין קעלט;
די שטים פון מיין פאָלק — געוויין איבער וועלט.

# מיין ברודער — דער סאָלדאַט

זיינען יאָרן ווי זאַנגען געהאַנגען,
רייפע און פולע פאַר שניט.
זיינען מיר זיי פאַרגאַפט נאָכגעגאַנגען,
מיט יונגע, ניט זיכערע טריט.

האָבן וועגן געפירט און געצויגן,
האָבן פאַרייניקטע וועגן — צעשיידט.
שטייט מיר דאָס בילד פאַר די אויגן:
ס'האָט אונז ביידן אויסגעפעלט רייד...

אַזאַ צייט איז עס דעמאָלט געוועזן,
געמיינט: ניט מער ווי אויף שפּאַס, —
האָט געזעץ מיט רוגזה באַפוילן,
ניט געהאָלפן האָט ביטערער כעס.

פיר יאָר געלעבט אויף רומענישער ערד,
פיר יאָר פונעם שטעטל פרילוקע.
ס'שווינדלט אין אויג נאָך די שווערד —
ס'שטעכט נאָך אין רוקן די שפּיקע.

דאָס שטעטעלע הייסט יאַרוגע,
גרויס איז עס פונקט ווי א מויז —
האָט דער טאַטע אַן הפגה:
ער'ט פאַרפאָרן אין א שוחט'ישער הויז.

די לאַגע אין שטעטל — אַ שווערע, —
מיט בעזשענצעס פול אומעטום.
בושעוועט הונגער, כאָליערע
ראַנגלען זיך לעבנס אין קלעם.

און דאָ ווערט אין שטעטל ענגער,
מענטשן קומען און קומען, —
די וואַך ביים גרענעץ ווערט שטרענגער,
עסט מען דערווייל אויף דאָס מזומן...

דער טיפוס, ווי אַ גיפטיקע שלאַנג,
בייסט און פרעסט די ביינער, —
ווערן טאַטע־מאַמע געפּערלעך קראַנק;
און מיר זיינען קינדער נאָך קליינע...

און דאָס שטעטל אזוי דערשלאָגן
מיט אייגענע צרות, פול נויט, —
איז שווערער פאר קינדער פאַרטראָגן
דעם אומגליק פון עלטערנס טויט...

זיינען מיר קינדער נאָך יונגע,
און דאָס שטעטל — פאַרצאָרנט, פרעמד,
וויסן מיר: מ'האָט זיך שוין באַדונגען, —
און אין האַרצן אַזאַ ווייטיק קלעמט...

איז שווער אין זכרון פאַרבליבן
יענע לעצטע, שוואַרצע נאַכט,
ווען ס'האָבן זיך מענטשן אויף בייזוואונדער פאַרקליבן
און אויף באַראַט זיך אָפּגעגעבן דער נאַכט...

און איצט, אין רומענישן לאַנד,
ביים זיידן און באָבען אויף קעסט;
געלעבט פיר יאָר נאָכאַנאַנד,
געוואָרן דאָרט היימישע געסט.

דער זיידע האָט געקליידט און געשוכט,
די באָבע — געוואַשן, געצוואָגן, —
קיינער האָט זיך ניט געריכט
די „מאַכט" זאָל א גזירה ארויסטראָגן:

ניט געוואָלט האָבן מיר זיך צעשיידן,
האָט ווער אויף זיך גענומען די „זינד",
האָט ווער מיט דער הסכמה פון זיידן
צוגעשריבן דיך פאר א קינד...

האָט געזעץ געפאָדערט, באצווינגען:
מיר מוזן פאַרלאָזן דאָס לאַנד!
האָסטו מיט לויטערע טרערן־רינגען
באגלייט אונז צום וויטן, צום פרעמדן ראַנד.

— — — — — — — — — — — — — — — —

די נויט האָט געפירט אין פאַבריקן,
געלערנט ווי נוצלעך צו זיין.
די נויט האָט דאָס לעבן צעוויקלט
אין טונקעלער, גרווילעכער שיין.

און פון דיר פלעגן בריוו אָנקומען
זעלטן, מיט קורצן באַשייד:
„כ'בין געזונט, מיט לערנען פאַרנומען.
כ'בענק, — שווער צו לעבן צעשיידט".

האָבן שורות געפינקלט פאַר אויגן,
און אין האַרץ אַזאַ טרויער געצונדן.
אויף מאָרגן האָבן טעג זיך געצויגן
פיינלעך, ווי דער וויי פון די וואונדן.

אַזוי טעג, אַזוי וואָכן און יאָרן,
זיינען געקומען, אַוועק און ניט מער.
איז אַ לעבן אַ נייער באַשאַפן געוואָרן
און שפּרייט זיך אין וועג אַזוי שווער.

האָבן נייע וועגן גענומען זיך שלענגלען,
געפירט דיך אויף ניט־זיכערע בריקן.
מיט נויט און מיט הונגער זיך ראַנגלען,
דעם יאוש געדאַרפט אָפט דערשטיקן.

האָט זון צעבליט דיר דיין גוף
און דעם צוואַנציקסטן פרילינג געשאָנקען.
האָב איך דיר געשיקט אַזאַ פלאַמיקן רוף:
קום צופאָרן! נאָך וואָס אונזער בענקען?

קום צופאָרן! ס'וואַרט אויף דיר ברוזיק די ערד —
דאָס לעבן דאָ פלאַקערט אין פלאַמען.
דער שונא איז שפּיזיק און שאַרף ווי אַ שווערד, —
אויב קעמפן, — איז בעסער צוזאַמען!

זיינען וואָכן, חדשים מיט שווייגן אַוועק,
דער בריווטרעגער האָט דורכגעלאָזט מיין טיר,
אויף מיר האָט געלויערט אַזאַ פיינלעכע שרעק
ווען איך האָב געטראַכט וועגן דיר...

ביז איינמאָל אין א טאָג אַזאַ שטילן,
האָב איך אויף מיין שוועל דיין בריוול געפונען.
„מ'האָט דערשטיקט מיין פרייען ווילן,
כ'מוז ווערן אַ סאָלדאַט, כ'גיי דינען!"

האָבן ווערטער ווי גליאיקע פונקען
געשפריצט און געטאַנצט פאַר די אויגן.
האָב איך זיך אין זאָרגן פאַרזונקען,
און געשריבן דיר בויגן נאָך בויגן.

האָב איך שיפן פולע געלאָדן
מיט רייד, מיט וואונטש פאַר דיין גליק.
געבענטשט זיי ביים פאַרלאָזן מיין באָדן,
און געציטערט ביי זייער קומען צוריק.

זיינען שיפן דורך ימים געשוואומען
פון מיין לאנד צו דיינס — און צוריק.
ניט איין שיף איז ליידיק געקומען
אָן אַ וואָרט, אָן א גרוס, אָן אַ צוק.

איז שווער אויף מיר דיין שווייגן געפאַלן,
נאָך שווערער ווי מיין אייגענע נויט;
אויף מאָרגן, ווען געשפאַנט איבער גאַסן
צו פאַרדינען מיין טעגלעך ברויט.

האָב איך קאַזאַרמעס געזען און בעטלער,
צווישן קעפ האָט געלויכטן דיין קאָפ. —
האָב איך אָקאָפּעס געזען דיך גראָבן
און אין אָקאָפּעס דו לאָזט זיך אַראָפּ...

ווען די נויט האָט אָן אויפהער געגליט
און שווער האָבן זיך שעה'ען געצויגן,
האָב איך געהערט נאָר פון „פיפּאָטעס" די טריט,
דיין בליק געזען אין אלעמענס אויגן.

דו שרייבסט: מיך וועט דער רוח ניט נעמען,
ס'דאַרף די וועלט זיך די גאַנצע באפרייען.
מ'רופט דינען, וועל איך זיך ניט שעמען
מיט ביקס און שינעל זיך באַנייען.

ניט אין שינעל ליגט די געפאַר פונם דינען,
ניט אינם עסן שוואַרץ־קאָרנעם ברויט
כ'האָב די געפאַר דאָ טיפער געפונען:
ס'איז דאָס בלוט וואָס שרייט: ניטו טויט!

איז ווייס איך, אָ ברודער מיינער, גוטער,
די שפּראַך פון דיין בלוט איז ריין.
און כ'פיל ווי ס'פאַלן טעג ווי ריטער
צעברענטע אויף דיין יונגן געביין.

אָפטמאָל ווען מיין טאָג דאָ צעפלאַקערט
און די פונקען פון ווינט צעבלאָזן,
זע איך דיין לעבן: א פעלד א צעהאַקערטס
וואָס ליגט פונם גערטנער פארלאָזן...

טראָג איך דיין אָטעם וואַרימען יונגן
מיט זיך אין דערהיים און אויף גאַס.
אַמאָל דורך רייד, און אמאָל דורך זינגען
צעשטער איך, פאַרטרייב איך דעם כעס.

יעדער טאָג ביי אונז איז אַ בלאַט געשיכטע,
יעדער שעה — אַ וואָרט אויפן בלאַט.
ס'וואוינען ארבעטער אין גאַסן געדיכטע
און ס'גייט זייער לעבן ניט גלאַט.

יעדער גליד פון פאַמיליע וויל לעבן,
יעדער טאָכטער און זון וואָס ווערט גרויס
גיט צושטייער זיין פרייד צו דעם לעבן,
און אין רעשט — נעמט ליידן ארויס.

דאָס לאַנד איז ווי אנדערע לענדער
צעטיילט אויף קלאַסן א סך.
איינעמס פאַרמעגן קלעקט פאר טויזנט
אַ צווייטער האָט איבער קאָפּ ניט קיין דאַך.

איז אָפט מיר שווער צו פאַרטראָגן
ווען א קאַמף צעפלאַקערט זיך שטאַרק.
איך קען עס דיר קלאָר דאָ ניט זאָגן —
ס'איז די ביקס ביים סאָלדאַט אויפן קאַרק...

כ׳דערזע ווי דורך א נעפל דיין פּנים
ערגעץ ווייט דאָרט וואו דו ביסט —
און כ׳הער ווי מ׳זאָגט מיר: דערקאָן אים,
אָט שטייט דיין ברודער און שיסט!

אָבער ניין: כ׳צעעפן די אויגן קלאָר
און כ׳דערזע שונאים פון קלאַס. —
ווערט לייכטער און בעסער ביז גאָר
צו שטיין אויף דער זייט פון מיין קלאַס.

:: : ::

געווים זיינען בריוו דיינע גוטע
אין פאַרגלייך מיט דעם וואָס איך הער:
ווי ס׳גייען סאָלדאַטן אין ראָטעס,
ווי ס׳לעבט זיך אין דינסט אזוי שווער.

ס׳זיינען בריוו דיינע, ברודער, ווי פייער אויף וואונד,
וואָס האָלט נאָך אין טריפן און טריפן.
כ׳זע קלאָר דיין לאַגע אַצינד,
כ׳קען זי ביים נאָמען אָנרופן.

וואָס קען איך דיר, ברודער, איצט שרייבן?
די לאַגע איז ערנסט פאַרשאַרפט.
בלויז אן עצה קען איך דיר געבן:
וואָלסט אורטיילן איצטער געדאַרפט:

דאָרט וואו ס׳לעבן סאָלדאַטן אין די מאַסן,
דערקלער זיי אָפן, דערציילֿ:
ווען ס׳וועט רופן די מאַכט אויף גאַסן
און די עלטסטע וועלן געבן באפעל —

זאָל מען די ביקסן ניט שטרעקן פאָרויס
און גיין אין שפּאַן צו קריג,
נאָר וואַרפן די ביקסן, און אויס!
אַ סוף זאָל עס נעמען צו קריג!

## אינהאַלט: